די

# צעהען וואונדערליכע זאכען

פון

# דער וועלט.

שיינע בעשרייבונגען אונד ערצייזלונגען אויס געקליבען פון היסטארישע ביכער, וועלכע מאכען דעם לעזער אין וויסענשאפטען אויפמערקזאם אונד פיל פערגניגען.

הערויס גיגעבין

פון מיו״ם.

# ווילנא

שנת תרל״ד לפ״ק

---

ДИ ЦЕГЕНЪ ВУНДЕРЛИХЕ ЗАХЕНЪ.

т е. Десять удивительныхъ вещей

соч. И. М. Волбмана.

---

ВИЛЬНА,

Въ типографіи С. І. Фина, А. Г. Розенкранца

и М. Шрифтзетцера. 1874.

На Вилейской улицѣ домъ № 715/24

# אינהאלט

פון די צעהען וואונדערליכע זאכען פון דער וועלט.

# דיא צעהען וואונדערליכע זאכען פון דער וועלט.

1.

## דיא שטאדט מעקסיקא.

דיא בעריהמטע שטאדט מעקסיקא ליגט אין איין גרויסען טאל, וואס ער איז ארום אונ ארום מיט הויכע בערג, צווישען צוויא אזירעס וואס איין קאנאל פון דער נאטור פאר איינגט זייא צו זאמען. פיל קאנאלען שניירען זיך דורך דר גאנצער שטאדט. דיא הייזער זיינען אלע גיבויט אויף הויכע קלעצער (דאס הייסט מען האט פריער פיילעס גישלאגין) דיא ברייטע אונ גלייכע גאסין וואס שניירען זיך דורך איינע איבער דיא אנדערע, דיא שיינע אלייען, דאס ליבליכע קלימאט, דיא גרויסע אזירעס, דיא אומגעבונג פון זייער פיל אינדיאנישע דערפער, אונ דיא הויכע בערג ארום איר וועלכע זיינען בעקרוינט מיט אייביגען שנייא, דיא אלע זאכען באייזאמען מאכען מעקסיקא בעריהמט פאר דער שענסטע שטאט אויף דער גאנצע ערד. זיא ציילט זיך מער וויא פערציג טויזענט מענטשין. דיא הייזער זיינען גוט גיבויט, דיא קירכען זיינען שיין, אויסער דעם איז צווא בעמערקין דעם אלטען פאלאץ פון דעם פארצייטיגען ווימצע־

קיניג

קֶינִיג (מִשְׁנֶה לְמֶלֶךְ), כֶּען פְּלֶעגְט אִין אִים יֶעהְרְלִיךְ מֶער וִויא פֶּערְצֶעהֶען טוֹיזִינְד מִילְיָאנֶען פִּיַאסְטֶער אוֹיס מִינְצֶען. זַייעֶר טַייעֶרֶע וִויסֶענְשַׁאפְטְלִיכֶע שׁוּלֶען בְּרֵייטֶען אִין אִיר אוֹיס. זַייעֶר פִיל קֶענְטְנִים. עֶס גִיפִינֶען זִיךְ אִין אִיר אַיין גְרוֹיסֶער אוּנ אַיין שֵׁיינֶער בָּאטַאנִישֶׁער גָארְטִין, אוּנ אַיין בֶּערְגְשׁוּל, אוּנ אַיין אַקַאדֶעמִיֶע פוּן מַאלֶערַייא אוּנ קוּפֶּערְשְׁטָאךְ, אוּנ בִּילְד הוֹיעֶר קוּנְסְט — מִיט פִיל יָארֶען צוּרִיק הָאט גִיהֶערְט צוּם פֶערְגְנִיגֶען דֶער אַיינְוואוֹינֶער [פ]וּן מֶעקְסִיקָא, אַיין שְׁפַּאנִישֶׁער צִירְק, וָואס דָארְט אִיז גִיוֶועזִין [א]ין גִיוֶועט טֶעאַטֶער פוּן הֶעכֶער שְׁטְרַייט אוּנ אָקְסֶענְגֶעפֶעכְטֶע [דא]ס אִיז נָאךְ גָאר נִיט לַאנְג גִיוֶועזִין אִין עֶנְגְלַאנְד, צְוַוייא בַּעֲלֵי [...]תִים הָאבִּין גִיבְּרַאכְט הֶעכֶער אוּנ מֶען הָאט אָן גִיטָאן אוֹיף זַייעֶרֶע פִּיס אַייזֶערְנֶע נֶעגִיל אוּנ מֶען הָאט נִילָאזִין דִיא הֶעכֶער זִיךְ בַּייִדִין שְׁלָאגִין אוּנ דֶער אֵייגֶענְטִימֶער פוּן דֶעם הָאן וָואס אִיז עֶרְשְׁלָאגִין גִיוָוארִין צוּם טוֹיט הָאט גִימוּזְט בַּאצָאלִין דֶעם אֵייגֶענְטִימֶער פוּן דֶעם וָואס הָאט גוֹבֵר גִיוֶועזִין אַיין סוּמֶע גֶעלְט, דֶער בַּאיי זַייגֶען גִישְׁטַאנֶען זַייעֶר פִיל מֶענְטְשִׁין וָואס הָאבִּין דָאס מִיט פֶערְגְנִיגֶען צוּא גִיזֶעהֶען, דֶער גִיוֶועט פְלֶעגְט זַיין אִין טוֹיזִינְטֶער פוּנְט שְׁטֶערְלִינְג. אוּנ אַזוֹ פְלֶעגְט אוֹיךְ זַיין דִיא מִלְחָמָה פוּן אָקְסֶען, הַיינְטִיגֶע צַייטִין וִויא דִיא וֶועלְט אִיז גִיוָוארִין גִיבִּילְדֶעטֶער הָאט דִיא רֶעגִירוּנְג דָאס פֶערְבָּאטֶען אוּנ דִיא וָואס טוּעֶן דָאס-וֶוערִין זֵייא בַּאשְׁטְרָאפְט פַאר זַייעֶר אַכְזָרִיוּת וִויא זֵייא וָואלְטִין זַיין מֶערְדֶער פוּן מֶענְטְשִׁין). דֶער פוּץ פוּן דִיא רַייכֶע לַייט אִיז גִיוֶוען גָאר אָן אַיין שִׁיעוּר, זֵייא הָאבִּין בֶּענוּצְט דִיא זִילְבֶּער צוּ שְׁמִידִין זַייעֶרֶע פֶערְד, אוּנ צוּא בֶּעשְׁלָאגֶען דִיא רֶעדֶער פוּן זַייעֶרֶע קַארֶעטֶעס, דָאס לֶעבִּינְס מִיטִיל אִיז דָארְט זַייעֶר וָואוְויל, דֶער אִינְדִישֶׁער פוֹיעֶר פִירְט זֵייא פַאר אַיין קְלֵיינֶעם פְּרַייז פוּן צְווייא

הוּנְדֶערְט

הונדערט מייל ווייט אין שטאט. אבער שניט סחורה צו קליידונג איז דארט זייער טייער. מער וויא אלץ זעהט מען דארט דיא פראכטיגע אונ טייערע ארבעט פון גאלד אונ פון זילבער. אלי יאר ווען עס קומט דער טאג פון דעם גידערכטנים פייער טאג וואס מען האט דיא שטאט מעקסיקא פון דיא ווילדע לייט אפ גינומען, שטעלט אוים יעדער פריוואט מענטש זיינע טייערע גאלדענע אונ זילבערנע גיפעס אונ צירונג פון זיין צימער אין דרויסען צום אנזעהען. מערערע טייל פון בורלאנטין אונ פון זילבער אונ גאלד גיפינען זיך אין דיא קירכען פון מעקסיקא, דיא נידעריגע קלאסין פון מענטשין אבער, זעהט מען דא זייער גרויסע ארימקייט אונ עלינד. —

2.

## דיא שווימענדע גערטנער פון מעקסיקא.

פון דיא אנגענעמסטע מערקווירדיגקייטען (וואונדערליכע זאכין) אין מעקסיקא גיהערין אויך דיא שווימענדע גערטנער פון דער זעלביגע שטאט. זייא זיינען ענטשטאנען אין דעם פיערצעהנטען יארהונדערט, אלס דיא מעקסיקאנער זיינען דאמאלס גיוועזן אונטערדריקט אונ בערויבט פון זייערע ווילדע שכנים וואס ארום זייא האבין גיוואוינט, אזוא זיינען זייא גצוואונגען גיוועזן צוא פערשאפען זיך קינסטליכע אקער לאנד אויף דעם וואסער. זייא האבין גיפלאכטין ווידענבוימער (וויערבע) צוא זאמען אונ דערויף גילייגט יעלניק רעבט צוזאמען גיבונדין, אונ פון אויבען האבין זייא עס בעדעקט מיט פרוכטבארע ערד דיא ערד האבין זייא בעפלאנצט מיט רייז

אונ

א"נ מִיט נָאךְ אַנְדֶערֶע קִיכֶענְקְרַייטֶער וִויא בּוֹרֶיקֶעס, קְרוֹיט מֶערֶען רִיבֶּען, אוּגֶערֶקֶעס אוּנ דָאס גְלַייכֶען, אוּנ דֶעם גָארְטִין הָאבִּין זֵייא גִילָאזִין אוֹיפִין טַייךְ אוּנ גַאנְץ אִיבֶּער גִיגֶעבִּין צוּם וַואסֶער, אַזוֹ הָאבִּין דַאמָאלְס בֶּעשְׁמַאנֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע פֶעלְדֶער וֶועלְכֶע שְׁוִוימֶענְדִיג אוֹיף דֶער אָזֶערֶע, הָאבִּין זֵייא פַאר דִיא מֶעקְסִיקַאנֶער זֵייעֶרֶע נֵייטִיגֶע בֶּעדֶערְפֶענִים צוּם לֶעבִּין גִיגֶעבִּין.
אוּנ אוּנְטֶער דֶער צַייט אַלְס מֶעקְסִיקָא אִיז צוּא זִיךְ גִיקוּמֶען זִיא אִיז גְרוֹיס אוּנ שְׁטַארְק גִיוָוארִין, הָאבִּין זִיךְ דִיא שְׁוִוימֶענְדֶע פֶעלְדֶער אִין שְׁוִוימֶענְדֶע לוּסְט גֶערְטְנֶער אוּנ בְּלוּמֶען גֶערְטְנֶער פֶערְוַואנְדִילְט, אוּנ אִין דֶעם גִישְׁטַאלְט דִינֶען זֵייא נָאךְ בִּיז הַיינְט פֶערְגֶנִיגֶען צוּא מַאכִין דִיא רַייכֶע לַייט. עֶס אִיז זֵייעֶר שֵׁיין צוּא זֶעהֶען וִויא דִיא לִיבְּלִיכֶע פֶעלְדֶער וָואס זֵייא זַיינֶען בֶּעפְלַאנְצְט מִיט וואול שְׁמֶעקֶענְדֶע בְּלוּמֶען, טְרַייבֶּען זִיךְ אוּם מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע גֶעשְׁוִוינְדִיגְקַייט אוֹיף דֶעם וַואסֶער אִין וַוייט לַאנְגֶע אוּנ בְּרֵייטֶע אָזִירֶעס, דִיא גְרוֹיסֶע לוּסְטגֶערְטְנֶער הָאבִּין אִין מִיטִין אַיין גְרוֹסִין שָׁאטֶענְרַייכֶען בּוֹים, אָדֶער אַיין שֵׁיינֶע גְרוֹיסֶע אַלְטַאנֶע צוּם שׁוּטְץ פוּן דֶער זוּן אוּנ פוּן רֶעגִין אוּנ שְׁטוּרֶעמְוִוינְד, וֶוען דֶער וִוירְט וִויל זֵייא אוֹיף דֶעם וַואסֶער פָארְט בֶּעוֶועגִין, אַזוֹ בֶּעשְׁטַייגְט עֶר מִיט זַיינֶע קַאמֶערַאדִין אִין אַיין קְלַיינֶע שִׁיף אוּנ פִירְט דִיא פֶעלְדֶער אִין דֶעם אָרְט וואוּ אִים אִיז בֶּעלִיבְּט, טָאג פַאר טָאג קוּמֶען אָן זֵייעֶר פִיל פוּרִין מִיט דִי הֶערְלִיכְסְטֶע בְּלוּמֶען אוּנ גֶעוַואקְס וֶועלְכֶע זַיינֶען אַרוּנְטֶער גֶענוּמֶען גִיוָוארִין פוּן דִיא שְׁוִוימֶענְדֶע פֶעלְדֶער, אִין שְׁטָאט צוּם פֶערְקוֹיפִין אוֹיף דֶעם מַארְק; וַוייל אַלֶע פְּלַאנְצִין זַיינֶען זֵייעֶר גִירָאטִין אוֹיף דִיא פְרוּכְטְבַּארֶע עֶרְד וֶועלְכֶע עֶס אִיז גִינוּג בֶּעפַייכְטֶעט אוּנְטֶער דֶעם לִיבִּין אוּנ שֵׁיינֶעם הִימֶל וָואס מֶעקְסִיקָא גֶענִיסְט:

צוּא

3.

# דִיא גֶערְטְנֶער אִין דֶער לוּפְטִין.

צוּא דִיא וואוּנְדֶערְלִיכֶע קוּנְסְט אַרְבַּייטִין וֶועלְכֶע גִיהֶערִין צוּא דֶער אַלְטֶע מְדִינָה בָּבֶל זַיינֶען דִיא שְׁוֶועבֶּענְדֶע אָדֶער דִיא אוֹיפְגֶעהַאנְגֶענֶע גָארְטִין, דָאס אִיז וַוייל זַייא שְׁוֶועבִּין אוּנ הֵיינְגֶען אִין דִיא לוּפְט, נְבוּכַדְנֶצַר דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט זַייא גִילָאזִין בּוֹיעֶן פַאר זַיינֶע פְרוֹיא וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיא גֶענוּמֶען פוּן מָדַי ווייל זִיא הָאט זַייעֶר גֶעבֵּיינְגְט נָאךְ אִיר פָאטֶער לַאנְד, דְרוּם הָאט דֶער קִינִיג גִיזֶעהֶען פַאר אִיר צוּ פֶערְשַׁאפִין אַזֶעלְכֶע שֵׁיינֶע פָּאזִיצְיֶע וִויא אִין אִיר לַאנְד, אִין בָּבֶל ׃

דִיא גֶערְטְנֶער זַיינֶען גֶעבּוֹיט פִיר עֶקִיג, יֶעדֶער זַייט הַאלְט פִיר הוּנְדֶערְט גְרִיכִישֶׁע פוּס דִיא לֵיינְג, זַייא בֶּעשְׁטֵייעֶן פוּן פִיר גָארִין, אֵיינֶע אִיבֶּער דִיא אַנְדֶערֶע, אוּנ פוּן אוֹיבִּין הָאבִּין זַייא עֶרְדְבַּאנְקֶע (דָאס הֵייסְט בֵּיינְק אָדֶער פְרִיזְבֶּעס אָן גִישָׁאטֶענֶע פוּן עֶרְד אוּנ בֶּעלֵייגְט מִיט גְרָאז׃ דֶער גָארְטִין פוּן דֶעם פֶערְטִין עֶטַאז אִיז גִיוֶועזִין פוּנְקְט אַזוֹ הוֹיךְ וִויא דִיא גְרֶעסְטֶע מוֹיעֶרִין פוּן שְׁטָאט, מֶ׳ן הָאט גִיקֶענְט פוּן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶע בַּאנְק גַאנְץ וַוייט נָאךְ אִיבֶּער דִיא מוֹיעֶרִין פוּן שְׁטָאט זֶעהֶען, פוּן אַיין הוֹיכִין בַּאנְק וָואס אִין יֵעדֶר אַטַאז צוּא דֶ״ם אַנְדֶערִין זַיינֶען בְּרֵייטֶע טְרֶעפִּין, דִיא סְטְרָאיֶענֶע הָאט בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן זַייעֶר שְׁטַארְקֶע אוּנ פֶעסְטֶע גִיוֶועלְבִּין, וֶועלְכֶע הָאבִּין גִירוּט אֵיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערִין, אַיין מוֹיעֶר דִיק פוּן צְוֵוייא אוּנ צְוַואנְצִיג פוּס, הָאט גִיהַאלְטִין דִיא אַלֶע גִיוֶועלְבִּין צוּא זַאמֶען, אוֹיף יֶעדֶר גִיוֶועלְב אִיז גִיוֶועזִין גִיפְלַאסְטֶערְט מִיט שְׁטֵיינֶער וֶועלְכֶע זַיינֶען גִיוֶועזִין

זֶעקֶם פוּם לַאנג, אוּנ פִיר פוּס בְּרֵייט, אוּיף דִיזֶעם בְּרוּק אִיז אוּיף גִיגָאסִין גִיוָוארִין פֶּעך, אוּנ אִיבֶּער דִיא פֶּעך אַיין אוּיסְלַאגֶע פוּן גִיבְּרֶענְטֶע שְׁטֵיינֶער בַּאקְלֶעפְּט מִיט גִיפְּס, אוּנ זַיינֶען גִיוֶועזֶן בַּאלֵייגְט מִיט פְּלַאטִין פוּן בְּלַייא, וָואס עֶנְדְלִיךְ אִיז אוּיף זַייא גִיוֶועזֶן אָן גִישָׁאטִין דִיא עֶרְד, אִין אַזוֹ אַיין הֵייךְ וָואס דִיא גְרֶעסְטֶע בּוֹימֶער וִויא פַּאלְמֶען אוּנ צֶעדֶער בּוֹימֶער קֶענֶען אִין זַייא וַואקְסִין אוּנ פֶעסְט אַיין גִיוָוארְצִילְט זַיין, דִיזֶע אוּים לֵייגוּנְג פוּן דִיא שְׁטֵיינֶער אוּנ פֶּעךְ, אוּנ דָאס גְלַייכִין אִיז נִיט גִיוֶועזֶן נָאר דֶעם בִּנְיָן פֶעסְט צוּא מַאכִין, דָאס אִיז אוּיךְ גִיוֶועזִין אוּם דִיא עֶרְד אָם מֶען הָאט דֶערוּיף גִילֵייגְט פְּרוֹבְּמִיבַּאר צוּ מַאכִין אוּנ זָאלִין אוּיךְ דִיא פְלַאנְצוּנְגֶען אַיין בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶע נֶעהְרוּנְג גֶעבִּין, דִיא אָנְשִׁיטוּנְג זַיינֶען גִיוֶועזִין קְלֵיינֶע גֶערְטְנֶער מִיט פַּאר שֵׁיידֶענֶע גִיוִויקְסִין, בֶּעפְּלַאנְצְט מִיט בְּלוּמֶען וַואזָאנֶען, אוּיךְ בּוֹימֶער, אוּנ אַיין גִימֵיילְט אִין פֶערְשִׁירֶענֶע בֵּייטִין, אוּיף דִיא אוֹיבֶּערְסְטֶע אָנְשִׁיטוּנְג הָאט זִיךְ גִיפוּנֶען אַיין וַואסֶער לֵייטוּנְג וָואס זִיא הָאט דוּרְךְ אַיין קִינְסְטְלִיכֶע מַאשִׁין גִיצוֹיגִין וַואסֶער פוּן דֶעם מַייךְ פְּרָת, פוּן דֶעם זֶעלְבִּיגִין וַואסֶער לֵייטוּנְג הָאט גִיצוֹיגִין דִיא וַואסֶער אִין דִיא אַלֶע אוּנְטֶערְסְטֶע אָנְשִׁיטוּנְגֶען, אַלֶע מָאל וֶוען מֶען הָאט נֵייטִיג גִידַארְפְט דִי גֶערְטְנֶער אָן צוּ טְרִינְקֶען.

〰〰

4.

# דִיא פֶּעלְזֶענְבְּרִיקֶע אִין ווירְגִינִיֶען.

דִיא פֶּעלְזִין בְּרִיק אִין וִוירְגִינְיֶען אִיז אַיינֶע פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע וֶוערְק פוּן גָאט, זִיא גִיפִינְט זִיךְ אוּנְגֶעפֶער פוּפְצֶעהְן וְויָארְסְט פוּן דֶעם מַייךְ פְּלוֹוָואנַא, אוּנ אִין דֶעם עֶרֶךְ אִיז זִיא אוּיךְ אַזוֹ וַוייט

פוּן

פון דיא בְּלָאעֶ בֶּערְג, דיא בְּרִיק לִיגְט אִיבֶּער דֶעם טִיפִין שְׁפַּאלְט
פון אֵיין בַּארְג, וָואס עֶר אִיז דורְך אַסִיבֶּה פון דֶער נַטור אִיבֶּער
הֶעלְפְט צוא רִיסִין גִיוָוארִין פון אויבִּין בִּיז אונְטִין אִין דֶער טִיף,
דֶער שְׁפַּאלְט אִיז בְּעֶרֶך צְוֵייא מַייל לַאנְג, דִיא בְּרֵייט פון דֶעם
שְׁפַּאלְט בַּאמְרֶעפְט אַיין עֶרֶך בַּאיי דְרַייא הונְדֶרְט פוס, אונ דָאס
אִיז אויך נִיט אוּם אוּנ אוּם גְלַייך, אָבֶער צוּם עְפִּין פון בַּארְג
אִיז דֶער שְׁפַּאלְט נָאך בְּרֵייטֶער, דִיא סְקָלִיפֶּעֶנֶע פון דֶעם בְּרִיק
שַׁיינְט אויס צוא זַיין פון אַיין גִיוִויסֶע שְׁטֵיין מַאסֶע, אָדֶער פון
קְלֵיינֶע שְׁטֵיינֶר וֶועלְכֶע זַיינֶען מִיט אַיין מַאטְרַיאל אֵיינֶע צוא דִיא
אַנְדֶערֶע צו גִיפַּאסְט גִיוָוארִין דָאס עֶס זֶעהְט אויס וִויא אֵיין עְטֵיין
דִיא וָועג וואו מֶען גֵייט צוּם פֶעלְזִין בְּרִיק אִיז דורְך גִידִיכְטֶע
וָועלְדֶער אונ אִיבֶּער אַיין הויכִין בַּארְג, וִויא מֶען גְרֵייכְט נָאהִינְט
צוּם שְׁפִּיץ, דֶער זֶעהְט מֶען אויף אֵיין מָאל זַייעֶר אַיין גְרויסֶע
עֶפֶענוּנְג אִין בַּארְג, אונ מִיט בוימֶער נִיט בַּאוואקְסִין, מֶען קומְט
אָבֶער מִיט אֵיינִיגֶע טְרִיט וַוייטֶער זֶעהְט מֶען צוּם עֶרְשְׁרֶקִין בַּאיי
דֶעם בְּרֶעג, זֵייעֶר אַיין פִירְכְטֶערְלִיכִין אונ טִיפִין אָבְּגְרונְד, נִיט
וִוילִינְדִיג וַוייכְט דֶער מֶענְטְשׁ צוא רִיק פון שְׁרֶעק, אָבֶער עֶר
בַּאמֶערְקְט עֶס נִיט דָאס עֶר שְׁטֵייט אויף דֶעם בְּרִיק אַלֵיין, פון
אֵיין זַייט בְּרֶעג אויף דֶעם בְּרִיק, קֶען אַיין מֶענְטְשׁ גַאנְץ זִיכֶער
גֵיין אונ אַרָאפּ בֵּייגִין זִיךְ צוא זֶעהֶען אִין דֶעם טִיפִין אָפְּגְרונְד,
וַוייל דָא הָאט דֶער פֶעלְז אַלֵיין אַיין בְּרוסְט שְׁטִיצֶע גִיבִּלְדֶעט, אויף
דֶעם אַנְדֶערִין זַייט אָבֶער אִיז אַיין רִיזִיקֶע זִיךְ דָארְט צו גִינֶעהֶנֶען,
וַוייל יֶענֶע זַייט הָאט קַיין פַּארֶענְץ אויף וֶועלְכִין מֶען זָאל קֶענֶען דִיא
בְּרוסְט אָנְלֶעהֶנֶען; פון אֵיין זַייט פון דֶעם מִיטִין וואו מֶען פָאהְרְט,
בִּיז צוא דֶעם רַאנְד וָואס הָאט קַיין פַּארֶענְץ, אִיזְט דִי זֶעלְבִּיגֶע זַייט
מְשׁופּוּעֶדִיג, דִיא נִידֶערִיגֶע שְׁטֶעל וואו דֶער בְּרִיק לָאזְט זִיךְ אַרָאפּ

אין

אִין דִיא לֵייִנְג פוּן בֵּייִדֶע זַייטִין זַיינֶען מִיט הוֹיכֶע בּוֹימֶער עַל פִּי רוֹב מִיט פִּיכְטֶען אוּנ צֶעדֶערְבּוֹימֶער בֶּעוַואקְסִין · דָאס מֶען שְׁפִּירְט גָאר נִיט אַז מֶען אִיז אוֹיפִין בְּרִיק, וַוייל זִיא אִיז אַכְטְצִיג פוּס בְּרֵייט · נָאיי גֶערִינְגֶע לַייט הָאבְּן דִיא בּוֹימֶער אָפּ גִיהַאקְט אוּם צוּא זֶעהְן וִויא טִיף זַייא וֶועלִין אִין דֶעם גְרוּנְד פַאלִין ·

---

5.

## דֶער צִיפְּרֶעסֶענְ־זוּמְפּ אִין מַארִילַאנְד ·

אִין מִזְרָח זַייט בַּאיי דֶעם גְרֶענֶעץ פוּן דֶעם אָרְט וֶועלְכֶער הייסט דֶעלַאוַוארַא בְּרֵייטֶעט זִיךְ אוֹיס אִין מַארִילַאנְד אַיין זוּמְפְּף וֶועלְכֶער אִיז בֶּעקַאנְט מִיט דֶעם נָאמֶען דֶער צִיפְּרֶעסֶענְ־מָאר, אָדֶער אוֹיךְ דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער זוּמְפְּף · דֶער שֶׁטַח פוּן אִים קָאן הַאלְטִין בְּעֶרֶךְ פוּפְצִיג טוֹיזֶנְט מָארְגֶעס עֶרְד · דֶער שְׁוַוארְצֶער טָארְפַארְטִיגֶער גְרוּנְט, אִיז מִיט דִיא שֶׁענְסְטֶע בּוֹימֶער פוּן הוֹיכִין גִיוואוּקְס בֶּעוַואקְסִין; וִוי אֵייבֶּענְבּוֹימֶער, אוּלְמֶען, צֶעדֶערְבּוֹימֶער, אַהָארְן צִיפְּרֶעסֶען, טוּלְפֶּענְבּוֹימֶער, אוּנ פִּיכְטֶענְבּוֹימֶער פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע הוֹיךְ אִין דֶער וֶועלְט, אָבְּגְלַייךְ דֶער גְרוּנְט אִיז זַייעֶר זוּמְפִּיג אָדֶער מַארָאסְטִיג · אִין דֶעם גִידִיכְטִין וַואלְד גִיפִינֶען זִיךְ ווִילְדֶע שְׁווַיינֶען, וֶועלְף, אֵייבָּארְנֶער אוּנ בֶּערִין, דִיא בֶּערִין לוֹיעֶרִין דָארְטִין אוֹיף דִיא בִּינֶען אוּם זַייעֶר הָאנִיג צוּא בֶּעקוּמֶען · צְווִישִׁין אוּנ אוּנְטֶער דִיא בּוֹימֶער וַואקְסִין גִידִיכְטֶע קִיסְטֶעס, שִׁילְפְרָאר (טְשֶׁערֶעט) אוּנ זַייעֶר הוֹיכֶע גְרָאז, עֶס אִיז צוּא בֶּעוואוּנְדֶערִין דָאס דֶער זֶעלְבִּיגֶער זוּמְפּ בְּרֵיינְגְט נִיט צְרוּיס קַיין אוּם גִיזוּנְטִין טוּיא — נָאךְ אִין גֶעגֶענְטֵייל דֶער זוּמְפּ מַאכְט אַיין גְרוֹיסִין אַיינְפְלוּס אוֹיף דִיא גִיזוּנְטְהַייט פוּן מֶענְשְׁלִיכֶען קֶערְפֶּער,

ווִייל

װייל דיא אײנװאוינער פון דעם געגינד װאס גרענצט זיך מיט דעם זומפּ׃ אבגלײך זייא זיינען אלע מאגער, אבער דאך זײנען זייא זייער גיזונט, אונ לעבין זייער לאנג׃ דער צוא איז אויך דיא װאסער מינעראליש, עס שמעקט זױערליך׃ אונ שימעלט קיין מאל ניט. —

עס איז איין שרעקליכע סצענע צוא זעהען פון דעם זומפּ װען עס טרעפּט ביא איין גירױערינגע היץ פון איין הייסין זומער װארפט ער ארויס פון זיין גרונט פייער. דער פאל האט גיטראפין דעם 13 אױגוסט אין יאר 1782׃ איין שטארקער װינד האט אזו גיך פערברייטעט דעם פלאם דאס אין צװעלף שטונדן זיינען פיר הונדערט מארגעס פון גרויסע אונ הויכע דיקע ציפרעססען בוימער פאר ברענט גיװארין אויף אש׃ דער דיקער דאמפּ, װאס האט זיך פערברייטעט, דיא פלאמען, װאס זייא האבין זיך אום גיטריבין ביז הונדערט פוס אין דער הויך, דיא גליהענדע פליהענדע קוילין, דער גירויש פון דיא פלאמען פייער, דאס קרעכצען פון דיא ברענענדיגע בוימער װאס דער פייער האט גיבראכין, אונ דער אפּ שלאק פון דעם פייער אין הימיל, דיא אלע זאכין איז גיװעזין שרעקליך אן צוא זעהען. —

פון דעסט װעגין איז דער זומפּ זייער טייער אונ גישעצט ביא דיא אײנװאונער פון זיינע גרענעצין, זייא בענוצין זיינע גראזין אונ קרייטעבער ניט נאר פאר זיך אליין, זאנדערן זייא פערזארגין מיט דיא מעדעצינישע קרייטעכער אויך אנדערע װייטע שטעט. —

———

6.

## דֶער טָאל פוּן טוֹיט שָׁאטִין (גֵיא צַלְמָוֶת) ;

אַיין בֶּערִימְטֶער נַאטוּר פָארְשֶׁער פוּן אִיטַאלְיֶען , הָאט אַיין לוּסְט רַייזֶע גִימַאכְט אִין אַרַאבְּיֶען , עֶר הָאט גְרָאד גִיטְרָאפִין אִין דֶער צַייט וֶוען דִיא מוּזְלְמַאנֶער אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע מַאהַאמוּדַאנֶער (פוּן דֶעם גְלוֹיבִּין מַחֲמֶד) צִיהֶען נָאךְ דֶער רוֹיסֶע שְׁטָאט מֶעקָא אוּנ מוֹדִינָא , וואוּ דֶער מַחֲמֶד (דָאס אִיז ער נָבִיא פוּן דִיא יִשְׁמְעֵאלִים) אִיז גִישְׁטָארְבִּין · דֶער גְרוֹיסֶער לָאזָף הָאט לֶעבִּין דֶער שְׁטָאט מֶעקָא גִיוָואלְט עֶטְוָואס עְרְקְווירְדִיגְקַייט זֶעהֶען אָבֶער עֶר הָאט קַיין בֶּעגְלַייטֶער מִיט גִיהַאט וַוייל דִיא יִשְׁמְעֵאלִים פוּן יֶענֶעם גֶעגִינְד זַיינֶען גִיוֶועזִין בֶּעשֶׁעפְּטִיגְט מִיט זַייעֶרֶע תַּעֲנִיתִים · אִין אַיינִיגֶע טֶעג אַלְס זַייעֶר פַאסְטֶען אִיז אִיבֶּער גִיגַאנְגֶען הָאבִּין זִיךְ דִיא אַרַאבֶּער זַייעֶר מְשַׂמֵחַ גִיוֶועזִין אוּנ הָאבִּין צַייט גִיהַאט אַיינִיגֶע טֶעג אוֹיס צוּא רוּהֶען , דַאמָאלְס הָאט זַייא דֶער פִילוֹסוֹף גִיבֶּעטִין דָאס זֵיי זָאלִין אִים פִירִין אִין דִיא עֶרְטֶער וָואס דָארְטִין אִיז דָא עֶטְוָואס וואוּנְדֶער צוּא בֶּעמֶערְקִין , עֶר הָאט זַייא צוּ גִיזָאגְט דֶער פַאר גוּט צוּא בֶּעלוֹינֶען · הָאט זִיךְ אַיין יִשְׁמְעֵאל צוּא אִים אָפּ גִירוּפִין , עֶס אִיז דָא אִין דֶעם גֶעגִינְד אַיין גִיוִויסֶער טָאל וֶועלְכֶער הֵייסְט מִיט דֶעם נָאמֶען דֶער טָאל פוּן דֶעם טוֹיט שָׁאטִין , ווַייל יֶעדֶער לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִים וֶוען עֶר קוּמְט צוּא אִים אִין זַיין מִיטִיל פוּנְקְט , דֶער מוּז דָארְטִין אִין צַייט פוּן פִינְף-מִינוּט שְׁטַארְבִּין , מִיר קֶענֶען דִיךְ דָארְטִין פִירֶען · אָבֶער אִיךְ ווַייס עֶס נִיט אוֹיב דוּא וֶועסְט קֶענֶען אִין דֶעם גֶעגִינְד דִיא אוּם גִיזוּנְטֶע לוּפְט פַאר טְרָאגִין , — עֶר אַלְס פִילוֹסוֹף הָאט זַיין לֶעבִּין צוּ

רִיזִיקָע

דִיזִיקְע גִישְׁטֶעלְט אוּנ הָאט אַיין גִיווִילִיגְט צוּא גֵיין · עֶר הָאט אִים בֶּעגְלֵייט מִיט נָאךְ אַנְדֶערֶע אַראַבְּיֶער וָואס זַיינֶען מִיט אִים מִיט גִינַאנְגֶען · צוּם פְּרָאבֶּע הָאט דֶער נַייא גֶעֶרִיגֶער פִילוֹסוֹף מִיט גִינוּמֶען אַיין הוּנְט מִיט אַיין הָאן, עֶר הָאט אִים גִיפִּירְט מִיט זַייעֶר אַיין זַייטִיגֶע וֶועג וָואס וֵוייְנִיג רֵייזֶענְדֶער גֵייֶען דָארְטִין · אַלְס עֶר אִיז גִיקוּמֶען פוּן דֶעם טָאל אַיין שֶׁטַח פוּן הוּנְדֶערְט פוּס ווַייט · הָאט עֶר גִישְׁפִּירְט זֵייעֶר אַיין שְׁלֶעכְטִין גְרוּךְ, אָבֶּער פַאר אַיין חָכָם אִיז קַיין שְׁטֶערוּנְג אִין דֶער וֶועלְט · עֶר הָאט מִיט זִיךְ גִיהַאט נוּטִין בַּאלְזַאם צוּא שְׁמֶעקִין אוּנ אוֹיךְ פֶערְשִׁידֶענֶע צוּא גִירִיכְטֶע שְׁפִּירִיטוּס וֶועלְכֶע הָאבִּין פַאר שְׁטוּיסִין דֶעם רֵיחַ רַע פוּן יֶענֶעם גֶעגִינְד · עֶר הָאט פוּן זֵייא אוֹיךְ גִיגֶעבִּין זַיינֶע בֶּעגְלֵייטֶער צוּא שְׁמֶעקִין · ווִיא עֶר אִיז דָארְטִין גִיקוּמֶען, הָאט עֶר בֶּעטְרַאכְט דֶעם טָאל, זַיין שֶׁטַח רוּנְד אַרוּם פַאר נֶעמְט בֶּערֶךְ אַיין הַאלְבֶּער ווְיָארְסְט · דִיא טִיפֶענָם זֶעכְצִיג פוּס, אִין אִים זַיינֶען גִילֶעגִין זַייעֶר פִיל טוֹיטֶע קֶערְפֶּער פוּן מֶענְשִׁין אוּנ אוֹיךְ פוּן חַיוֹת · אַנְדֶערֶע זֶעהֶען אוּיס ווִיא פְרִישׁ גָאר נִיט לַאנְג גִישְׁטָארְבִּין, אַנְדֶערֶע זַיינֶען הַאלְבּ צוּא פוּילְט, אוּנ זֵייעֶר פִיל בֵּיינֶער · פִילַייכְט אִיז דָאשׁ דֶער טָאל וָואס הַשׁ״י הָאט גִיפִירְט דָארְטִין יְחֶזְקֵאל הַנָבִיא, אוּנ דִיא בֵּיינֶער זַיינֶען דִיא וָואס עֶר הָאט זֵייא מִיט דֶעם ווִילִין פוּן דֶעם בּוֹרֵא לֶעבֶּענְדִיג גִימַאכְט) · צוּם אָנְפַאנְג הָאט עֶר אַרָאפּ גִישְׁטוּיסִין דֶעם הוּנְט אִין טָאל בִּיז צוּם מִיטִיל פוּנְקְט עֶס הָאט נִיט קַיין צְווֵייא מִינוּט גִידוּיעֶרְט, הָאט דֶער הוּנְט בַּאלְד גִקְרֶעפִּירְט, דֶער נָאךְ הָאט עֶר פְּרוּבִּירְט מִיט דֶעם הָאן, עֶר הָאט נָאר פִינְף מִינוּטִין דָארְטִין גִילֶעבְּט אוּנ דֶער נָאךְ אִיז עֶר גִיבְּלִיבִּין טוֹיט · עֶס אִיז מֶערְקְווִירְדִיג צוּא הֶערִין ווִיא דִיא אַרַאבְּיֶער רוּפִין דֶעם טָאל מִיט דֶעם אוֹיסְדְרוּק

טאל

טָאל פון טויט שָׁאטִין ! עָס אִיז זַייעָר מֶעגְלִיךְ אַז אויף דֶעם טָאל הָאט דָוִד הַמֶלֶךְ עָלָיו הַשָׁלום גִיזָאגְט אִין תְּהִלִים קַאפִּיטָל כ״ג גַם כִּי אֵלֵךְ בְּגֵיא צַלְמָוֶת לֹא אִירָע רָע כִּי אַתָּה עִמָדִי. דָאס הֵייסְט ; וֶוען אִיךְ זָאל אויךְ גֵיין אִין דֶעם טָאל פון טויט שָׁאטִין, הָאבּ אִיךְ פַאר בֵּייזַקְיין מורָא נִיט וַוייל דוּא גָאט בִּיסְט מִיט מִיר. —

## 7.

## דִיא בִּיעֶנֶענְבּוימֶער אִין סִירִיֶען.

אַיין אַדֶעלְמַאן פון טָאסְקַאנִישֶׁען רַייךְ הָאט אֵיין מָאל גֶאבְט אַיין לוּסְט רַייזֶע נָאךְ דֶער לַאנְד סִירִיֶען. דִיא זֶעלְבִּיגֶע לַאנְד הָאט גִיהֵייסִין פַאר צַייטִין אֶרֶץ אַשׁוּר ; דָארְטִין הָאט עֶר בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט גִימַאכְט מִיט אַיין גְרַאף פון פְלָארֶענְץ, אַלְס זַייא זַיינֶען רֶעכְט בֶּעקַאנְט גִיוָארִין, הָאבִּין זַייא זִיךְ אָפְט אונְטֶער הַאלְטִין שְׁטוּנְדִין לַאנְג אִיבֶּער דִיא וִויסִינְשַׁאפְט פון דֶער בַּאטַאנִיק (חָכְמַת הַצְמָחִים), וַוייל דֶר טָאסְקַאנִישֶׁער אַדֶעלְמַאן הָאט אִין דֶעם אַגְרוּיסֶע יְדִיעָה גִיהַאט, דֶר אִיטַאלְיֶענִישֶׁער גְרַאף הָאט אִים צוּא גִיזָאגְט דָאס אִין אַיין בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט וֶועט עֶר מִיט אִים שְׁפַּאצִירִין אִין אַיין מֶערְקְווירְדִיגֶען גָארְטִין, אוּם צוּ זֶעהְעֶן אויבּ עֶר וֶועט פון זֶעלְבְּסְט קֶענֶען בֶּעגְרַייפִין דִיא פֶּערְפְלַאנְצוּנְגֶען פון יֶענֶע בּוימֶער. אַיין מָאל אִין אַיין שֵׁיינֶעם הֶעלִין טָאג. אִיז דֶער אַדֶעלְמַאן פון טָאסְקַאן גִיקוּמֶען צוּא דֶעם גְרַאף, הָאט דֶער גְרַאף צוּא אִים גִיזָאגְט, וֶוען דוּא וִוילְסְט, קֶענֶען מִיר הַיינְט גֵיין אִין דֶעם וואוּנְדֶערְלִיכֶען גָארְטִין וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר אַמָאל גִיזָאגְט. גוּט, לָאמִיר גֵיין הָאט אִים דֶר אַדִילְמַאן גִיעֶנְטְפֶערְט. אַלְס זַייא זַיינֶען גִיקוּמֶען אִין דֶעם גָארְטִין, הָאט עֶר אִים גִיוִויזֶען בּוימֶער

ווֶעלכֶע

וועלכע זיינען גיוועזין ניט מער וויא איין מאן דיא הויך אונ גידיכט פערפלאנצט. דר אדעלמאן האט אויס גישטרעקט זיין האנט אויס צו רייסין איין קליינעס בוימעלע צו בעטראכטין דעם ווארציל, דעם שטאם, דעם אסט, דיא צווייגין, אונ דיא בלעטער מיט דיא דינע פעדימליך וויא זייד, אבער ווי ער האט נאר אן גירירט, האט ער דיא האנט מיט גרויס שרעק באלד צו ריק גיצויגין, ווייל ער האט גיפילט אין האנד בינען שטיכען. האט ער גלייך אן גיצויגען אויף דיא הענט האנדשוה, אונ האט צווייא דרייא בוימער אויס גיריסין׳ ער האט בעטראכט דעם ווארציל, אונ האט גיפונען ביא יעדען ווארצי איז איין בין צו גיפרעסט. ער האט גיוואלט ארונטער נעמע דיא בין, האט זיך מיט איר אויך איין טייל האלץ פון דעם ווארציל זאפ גיבראכין׳ ער איז גיגאנגען ווייטער מיט דעם גראף, ביז זייא זיינען גיקומען צו איין קוסט וואס זייא האבין דארטין גיזעהען אום פליהען זייער פיל בינען, ער האט גיפונען פון זייא אנדערע טויטע, אונ האט רעכט פערשטאנען דאס דיא בינען זיינען דיא פלאנצונגען פון דיא בוימער. איינע פון זייא האט דער אדעלמאן אין זיין טאש גילייגט׳ אונ האט עס אין איין בלומען טאפ וואס איז גיוועזען ערפילט מיט גוטע ערד איין גיפלאנצט, אונ אין איין צייט פון צווייא מאנאטין איז אויס גיוואקסין איין בוים פון דיא זעלבע בוימער וואס אין דעם גארטין פון סירען, דיא בינען זיינען דיא פרוכט פון יענע בוימער. אין געגיפטען גיפינען זיך אויך בייזע אונ גיפטיגע פליגען וואס וואקסין אויף בוימער וואס זיינען גיפלאנצט ארום דיא קאנאלין וואס זיינען גיצויגען פון דעם טייך נילוס׳ עס קען זיין דאס פון דיא זעלבע פליגין אונ בינען האט גירעט דער

נביא

נָבִיא יְשַׁעְיָה (קַאפִּיטֶל ז׳) וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא יִשְׁרֹק ה׳ לִזְבוּב אֲשֶׁר בִּקְצֵה יְאוֹרֵי מִצְרַיִם וְלַדְּבוֹרָה אֲשֶׁר בְּאֶרֶץ אַשּׁוּר, דָאס הֵייסְט גָאט וָועט אוֹיף אַייך אָן שִׁיקִין דִיא פְלִיגִין וָואס זֵייא גִיפִינֶען זִיךְ אִין רַאנְדִין בַּייא דִיא קַאנַאלֶע פוּן עֶגִיפְּטֶען (מִצְרַיִם) אוּנְד דִיא בִּינֶען וָואס זֵייא גִיפִינֶען זִיךְ אִין דֶעם לַאנְד סִירִיעֶן (אַשּׁוּר) וַוייל דִיא בֵּיידֶע מִינִים זַיינֶען בֵּייזֶע אוּנ גִיפְטִיגֶע. —

---

8.

## דִיא וואוּנְדֶערְלִיכֶע שְׁפִּיל דֶער נַאטוּר.

אִין אַיין דָארְף נָאהֶענְט פוּן דֶער שְׁטָאט מְהָארֶען אִין פְּרֵייסִין אִיז אַיין גִישְׁטַאנֶען אַיין רוּסִישֶׁער אַפִּיצֶער אִין אַיין גַאסְט הוֹיז אוֹיף דֶעם צְוֵייטִין שְׁטָאק, אִין אַיין רֶעגִין טָאג אִיז עֶר גִיזֶעסִין בַּייא דֶעם סַאמְוַואר אִין גִיזֶעלְשַׁאפְט מִיט אַיין דַייטְשֶׁען פְּרָאפֶּעסָאר אוּנ הָאבִּין גִיטְרוּנְקֶען טֵייא, נָאךְ דֶעם טְרִינְקֶען וְויא דֶער רֶעגִין הָאט אוֹיף גִיהֶערְט, דֶער וָואלְקֶען אִיז גִיוָוארִין הֶעלֶער אוּנ שְׁטִילֶער, זַיינֶען זֵייא צוּ זַאמֶען אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען אוֹיפִין בַּאלְקַאן וָואס קוּמְט אַרוֹיס צוּם פֶעלְד, אַלְס זֵייא זַיינֶען דָארְטִין גִישְׁטַאנֶען בְּעֶרֶךְ אַיין פֶערְטִיל שְׁטוּנְד, הָאבִּין זֵייא גִיזֶעהֶען דִיא שְׁטָאט בְּרָאמְבֶּערְג מִיט אַלֶע אִירֶע גַאסִין בֶּעקַאנְטֶע הֵייזֶער קִירְכֶען אוּנ טְהוּרְמֶען אוֹיךְ מֶענְטְשִׁין בֶּעקַאנְטֶע פֶערְזָאנֶען אַלֶע אִין דִיא לוּפְט שְׁוֶועבִּין אוּנ גָאר נָאהֶענְט פַאר בַּייא זֵייא אִיבֶּער גֵיין׳ דֶער אָפִּיצֶער הָאט זִיךְ דֶערוֹיף זֵייעֶר שְׁטַארְק גִיוואוּנְדֶערְט, עֶר וֵויס דָאס מְהָארֶען פוּן בְּרָאמְבֶּערְג זַיינֶען שֵׁיינֶע עֶטְלִיכֶע מֵיילֶען וַוייט אֵיינֶע פוּן דִיא אַנְדֶערֶע, אוּנ פוּן זֵייעֶר גַאסְט הוֹיז בִּיז מְהָארֶען אִיז אוֹיךְ אַפָּאר מַייל וַוייט, וַוייל

זיא

זיא ליגט אן אַזייט פון מְהָארֶען, איז עס דָאךְ גָאר אין דֶער אונמֶעגליכקייט פון דָארטין דיא וַוייטֶע שְׁטָאט בְּרָאמְבֶּערג אין דֶער נָאהֶענט צוא זֶעהען! אָבֶּער דֶער דַייטשֶׁע פְּרָאפֶּעסָאר הָאט איהם עֶרקלֶערט דָאס דיזֶעס איז נאר דיא וואוּנדֶערליכֶע שְׁפִּיל פון דֶער נַאטוּר, ווייל בַּאלד ווִיא דֶער רֶעגֶין הָאט אויף גיהֶערט איז דֶער וָואלקין גיוָוארין הֶעל אוּנ הָאט בֶּעקוּמֶען אַיין שְׁפִּיגיל גְלַאנְץ, אוּנ גֶעגֶען זַייטיג הָאט גישַׁיינְט דיא זוּן, הָאט זיך אָפְּ גישְׁלָאגִין דיא שְׁטָאט בְּרָאמְבֶּערְג מִיט אַלֶע אירֶע הַייזֶער אַיינְוואוֹנֶער וָואס דָארטין הָאט דיא זוּן גישַׁיינְט אין וָואלקין ווָאס הָאט גִישְׁוֶועבְּט לֶעבִּין זַייא.

---

9.

## דיא בֶּערְג־שָׁאטֶען.

דָאס וואוּנְדֶערְבַּארֶע פָאלְק וֶועלכֶע הֵייסִין מִיט דֶעם נָאמֶען בֶּערְג שָׁאטִין זַיינֶען צוּם בֶּעוואוּנְדֶערִין אָפּ גִישַׁייט פון דיא אִיבֶּערִיגֶע אַיינְוואוֹנֶער פון שָׁאטְלַאנְד. זַייא וואוֹנֶען אויף דיא בֶּערְג פון דֶעם נָארְדְלִיכֶען שָׁאטְלַאנְד; זַייא לֶעבִּין זיך גַאנְץ אֵיינְפַאךְ אוּנ ווֵייסֶען נִיט פון לוּקְסוּס, דָאס הֵייסְט זַייא ווֵייסִין נִיט פון תַּעֲנוּגֵי עוֹלָם הַזֶה, וָואס מֶען רוּפְט עֶס אָן מִיט דֶעם נָאמֶען (מוֹתְרוֹת) אויךְ נִיט פון דיא זַאכִין וָואס קוּמֶען אַרוֹיס דוּרךְ קִנְאָה, שִׂנְאָה, לָשׁוֹן הָרָע, גְנֵבָה, גְזֵלָה, רְצִיחָה אוּנ נִאוּף. וֶוען מֶען זָאל צוּ זֶעהְען זַייעֶר לֶעבִּינְס אָרְט, זַייעֶרֶע וואוֹנוּנְגֶען אוּנ דָאס גְלַייכִין, קֶען מֶען גְלַייךְ פַאר פִּירְט וֶוערִין צוּא זֶעהֶען אין זַייא דָאס בִּילְד פון הֶעכְסְטִין גְרַאד דֶעם מֶענְטְשְׁלִיכִין עֶלֶינְד. אָבֶּער

זייא לֶעבּען גְלִיקְלִיךְ וְויא קִינְדֶער פון דֶער נַאטור, אָבְּגְלַייךְ זַייא שַׁיינֶען אוים נִיט גְלִיקְלִיךְ צוא זַיין׃ —

זַייעֶרֶע וואוֹהנוּנְגֶען זַיינֶען צִירְקִילְרוּנְדֶע בּוּדִינֶעם פון שְׁטַיינֶער וְועלְכֶע אֶן קַאלְךְ אונ לֵיים בֶּעפֶעסְטִיגְט. אַלְס דִי פְרַייעֶ לופְט הָאט גִילֶעגֶענְהַייט אַיין צוּ דְרִינְגֶען, דַאן זוכִין זַייא צו שְׁטֶעלִין זַייעֶרֶע בּוּדִינֶעם אִין אַזֶעלְכֶע עֶרְטֶער וָואס דֶער וִוינְט זָאל אַהִין נִיט קֶענֶען צוּ קוּמֶען. זַייעֶרֶע מוּיעֶרִין זַיינֶען זֶעקְס פוּס הויךְ׃ אַ בַּאלְקֶען לִיגִין אויף דִיא מוּיעֶרִין אִין דֶער בְּרַייט, אונ זַיינֶען בֶּעפֶעסְטִיגְט מִיט שְׁמִירִיק וְועלְכֶע זַיינֶען גִיפְלָאכְטִין פון אַזֶעלְכֶע צוֶוַוארְקֶע וִוילְדֶע גְרָאז, צוּ צוּ דֶעקִין דִיא בּוּדִינֶעם וֶוערְט אָן שְׁטָאט שְׁטְרוּי גְנוּמֶען דִי וִוילְדֶע גְרָאז צוּ דִי בֶּעפֶעסְטִיגוּנְג דִינְט אַיין גְרוֹיסֶער שְׁטֵיין וָואס עֶר וֶוערְט גִילֵייגְט אויף דֶעם דַאךְ׃ דִיא לִיכְטִיגְקֵייט קוּמְט אויךְ אַרַיין אִין זַייעֶרֶע הַייזֶער דורְךְ אַיין לָאךְ פון דֶעם דַאךְ, אָדֶער דורְךְ דִיא עֶפְנוּנְג פון טִיר. דָאס לָאךְ וָואס אִין דֶעם דַאךְ דִינְט זַייא אויךְ אָן שְׁטָאט אַיין קוּימֶען דֶעם רויךְ אוים צוּא צִיהֶען. אָבֶּער וֶוען עֶס רֶעגִינְט מוּזִין זַייא דֶעקְנְט מָאל דִיא לָאךְ פֶערְשְׁטֶעקִין כְּדֵי דֶער פַייעֶר פון הֶערְד זָאל זִיךְ נִיט פַאר לֶעשִׁין, מוּזִין זַייא דָאךְ אָבֶּער לַיידִין זַייעֶר פִיל רויךְ אונ שְׁטוּיב. פון דִיא בֶּעשְׁרַייבּוּנְג אִיז צוּא בֶּעמֶערְקִין דָאס דִיא בּוּדִינֶעם פון דִיא בֶּערְג שָׁאטִין פֶערְגְלַייכִין זִיךְ פִּינְקְטְלִיךְ מִיט דִיא בּוּדִינֶעס פון דִיא וִוילְדֶע מֶענְטְשִׁין נָאר מִיט דֶעם זַיינֶען זַייא פון יֶענֶע אוּנְטֶער שַׁיידֶען, וַוייל דִיא וִוילְדֶע הָאבִּין דָאךְ וַויינִיגְסְטִינְס אָפּ טַיילוּנְגֶען אִין זַייעֶרֶע הַייזֶער אונ בֶּעזוּנְדֶערֶע צִימֶערִין׃ אונ הָאבִּין אוךְ זַייעֶר פִיל נַייטִיגֶע הויזגְרֶעט, וָואס דִיא בֶּערְג שָׁאטִין הָאבִּין דָאס אַלְס נִיט, אונ מִיט דֶעם אוֹפֶן זַיינֶען זַייא עֶרְגֶער פַאר דִיא וִוילְדֶע מֶענְטְשִׁין.

פון

פוּן זֵייעֶרֶע מִדוֹת אוּנ פִירוּנְגֶען זֶעהְט מֶען אָן, דָאס אוֹיף
זֵייא לִיגְט נָאךְ דֶער שְׁטֶעמְפֶּיל פוּן אַלְטֶערְטְהוּם, דָאס הֵייסְט
זֵייא פִירִין זִיךְ פִּינְקְטְלִיךְ וִויא זֵייעֶרֶע אַלְטֶע פָאר צַייטִיגֶע עֶלְטֶערִן
הָאבִּין זִיךְ גִיפִירְט. נִיט ווִילֶענְדִיג מוּזִין מִיר מוֹדֶה זַיין, דָאס מֶען
זֶעהְט אִין זֵייא, דָאס זֵייא זַיינֶען דִיא אוּרְאֵיינִיקְלַאךְ פוּן דִיא
אַלְטֶע קָאלֶעדָאנֶיעֶר. וִויא נִידֶערִיג זֵייעֶר לֶעבִּין שְׁטֵייט, אוּנ
וִויא שְׁוֶוער עֶס קוּמְט זֵייא אָן זֵייעֶר לֶעבִּינְס מִיטִיל, דָאךְ זַיינֶען
זֵייא צוּ פְרִידֶען מִיט זֵייעֶר צוּ שְׁטַאנְד אוּנ ווִילִין אִים אוֹיף קֵיי
גְלִיק נִיט פֶערְבַּייטִין. זֵייעֶר גִיוואוּנְלִיכֶער עֶסִין אִיז, קַארְטָאפִּי
הָאבֶּער שְׁפַּייזִין, צִיגֶען פְלֵייש אוּנ עוֹפוֹת, אָבְּגְלַייךְ זֵייא זַיי
נִיט רַייךְ אוּנ הָאבִּין גָאר וֵוינִיג פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט, דָאךְ זַיינֶ
זֵייא גַאסְט פְרַיינְדְלִיךְ, אוּנ טֵיילִין זִיךְ זֵייעֶר בִּיסֶען אוֹיף הֶעלְפְט
מִיט דֶעם צְוֵוייטִין. זֵייא זַיינֶען זֵייעֶר גִישִׁיקְטֶע יֶעגֶער, אוּנ
פֶערְפָאלְגֶען דִיא ווִילְדֶע בֵּייזֶע טְהִירֶען אוֹיף דִיא הוֹיכֶע שְׁטֵיילֶע
פֶעלְזִין. אוֹיךְ זַיינֶען זֵייא גְרוֹיסֶע הֶעלְדִין אוּנ בַּעֲלֵי מִלְחָמָה, דָאס
זֵייא גֵייעֶן אָן שְׁרֶעקִין גֶעגִין זֵייעֶרֶע פַיינְד. ווֶען זֵייא רִיכְטִין זִיךְ
אַמָאל דָאס דִיא פַיינְד ווִילִין זֵייא פְּלוּצְלוּנְג אִיבֶּער פַאלִין, אַזוֹא
וַוארְטִין זֵייא נִיט בִּיז דֶער פַיינְד וֶועט אוֹיף זֵייא אָן קוּמֶען, נָאר
זֵייא לָאזִין בַּאלְד אִיבֶּער זֵייעֶר בִּיסִיל פֶערְמֶעגִין צוּ זֵייעֶרֶע ווַייבֶּער,
אוּנ גֵייעֶן גְלַייךְ אַלֶע גִיוָואפִינְט גֶעגִין דֶעם אָרְט וואוּ זֵייעֶרֶע פַיינְד
גִיפִינֶען זִיךְ דָארְטִין. בַּאלְד פַאלִין זֵייא דֶעם פַיינְד אִיבֶּער,
אוּנ בֶּעפְרַייעֶן זִיךְ פוּן גִיפַאר; אוּנ דְרוּם בְּלַייבִּין זֵייא אַלֶע מָאל
אוּם בֶּעזִיגְט, אוּנ הַאלְטִין זִיךְ אַזוֹ לַאנְג אוֹיף דֶער וֶועלְט בִּיז צוּם
הַיינְטִיגִין טָאג. זֵייא טְרוֹיעֶן קֵיין מֶענְטְשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ
גֵייעֶן קַיין מָאל אָן וַואפִין אוֹיס, נָאר אִין דִי קִירְכֶע גֵייעֶן זֵייא נִיט
מִיט וַואפֶען, זֵייא הַאלְטִין דֶעם רֶעלִיגְיָאן פוּן זֵייעֶרֶע לַאנְד שְׁכֵנִים,

מיט

מִיט זִיבֶּעצִיג אָדֶער אַכְטְצִיג יָאר צוּ רִיק זַיינֶען זַייא גִיוֶועזִין פַּאר רֶעכִינְט אַלְס גַנָבִים אוּנ גַזְלָנִים, בִּיז דִיא עֶנְגְלֶענְדֶער הָאבִּין זַייא גִיזִיטֶעט גִימַאכְט, אוּנ זַייא דֶעם רֶעכְטִין וֶועג גִיוִויזִין. עֶס גִיבְּט נָאךְ הַיינְט אוֹיךְ אוּנְטֶער זַייא פִּיל גִישְׁלֶעג, וָואשׁ נִיט זֶעלְטִין עֶנְדִיגְט זִיךְ זַייעֶר קְרִיג מִיט מָארְד. זַייא זַיינֶען זַייעֶר הִיטְצִיג, אוּנ בַּעֲלֵי נְקָמָה, אוּנ זַייא רֶעכֶענֶען קֵיין מָאל פַּאר אוּם רֶעכְט צוּא פֶערְפָאלְגִין זַייעֶרֶע פַיינְד אוֹיף דֶער הֶעכְסְטֶע אַקְטַאוֶוע. אַמָאל הָאבִּין זַייא זַייעֶר קְרִיג אוֹיף קֵיין אַנְדֶערִין אוֹפֶן גִיקֶענְט אוֹיס פִירִין, נָאר דוּרְךְ גְוַואלְד אוּנ רְצִיחָה, דֶער וָואס הָאט גוֹבֵר גִיוֶועזִין, דֶער הָאט דָאס רֶעכְט גִיהַאט. אָבֶּער יֶעצְט אִיז עֶס גָאר אַנְדֶערְשׁ. הַיינְט אִיז שׁוֹין בַּייא זַייא אוֹיךְ דָא אָרֶענְטְלִיכֶע רִיכְטֶער, אִין דֶעם פַּאל וֶוען עֶס טְרֶעפְט בַּייא זַייא אַיין קְרִיג, מוּזִין זַיי זִיךְ פַאר זַייעֶרֶע רִיכְטֶער צוּם גִירִיכְט שְׁטֶעלִין, אוֹיךְ גִינֶעהְמֶען זַייא זִיךְ יֶעצְט אִימֶער מֶעהְר צוּא דִיא עֶנְגְלֶענְדֶער אִין קְלֵיידוּנְג, וָואס בִּיז אַהֶער זַיינֶען זַייא פוּן זַייא אִין גַאנְץ וַוייט גִיוֶועזִין. —

---

## 10.

## דִיא אָטַאהֵייטֶער.

דִיא אִינְזֶעל אָטַאהֵייטִי אִיז אֵיינֶע פוּן דִיא גִיזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע אִינְזֶלֶען וֶועלְכֶע אִין דֶעם יַם הַדְרוֹמִי לִיגִין, אוּנ גִיהֶערִין צוּא אוֹיסְטְרַאלְיֶען דֶעם פִינְפְטֶען טֵייל פוּן דֶער עֶרְד. זִיא בֶּעשְׁטֵייט פוּן צְווַייא הַאלְבֶּע צוּ זַאמֶען גֶעצְווִיגֶענֶע אִינְזְלֶען. דֶער מִיטִין פוּן דִיא אִינְזֶעל אִיז בֶּערְגִיג, צוּם בְּרֶעג פוּן מֶעער אִיז זִיא פוּן אַלֶע זַייטִין פְלַאךְ אוּנ גְלַייךְ, אוּנ מִיט מֶענְטְשִׁין בֶּעוואוּנְט. אִירֶע פְרוּכְטְבַּארְקַייט אִיז זַייעֶר גְרוֹיס. אִין יֶעדֶער אָרְט וואוּ מֶען

שטעלט

שְׁטֶעלְט נָאר אַפּוּס, וָועהט מֶען אוּמֶעטוּם בְּרוֹיט בּוֹימֶער, (אַזֶעלְכֶע בּוֹימֶער וָואס זֵייעֶר פְּרוּכְט עֶסְט מֶען אָן שְׁטָאט בְּרוֹיט צוּ זַאט) קָאקָאס פַּאלְמֶען, מוֹילְבֶּער בּוֹימֶער, אוּנ נָאךְ פִיל אַנְדֶערֶע בּוֹימֶער אוּנ פְלַאנְצוּנְגֶען וָואס אַנְדֶערֶע פוּן זֵייא טְרָאגִין טֵייעֶרֶע פְרוּכְט, אוּנ אַנְדֶערֶע פוּן זֵייא דֶער פְּרֵייעֶן דִיא הַארְץ פוּן מֶענְטְשִׁין דוּרְךְ זֵייעֶר לִיבֶּען גְרוּךְ אוּנ אָנְבְּלִיק. — אִין דֶעם שָׁאטִין פוּן דִיא בּוֹימֶער זַיינֶען גִיבּוֹיט דִיא בּוּדִינֶעם פוּן דִיא אִינְזֶעל בֶּעוואוֹנֶער צוּם שׁוּטִין גֶעגִין דִיא הִיץ פוּן טָאג, אוּנ גֶעגִין דֶעם רֶעגִין. דֶער קְלִימַא אִיז דָאס אַנְגֶענֶעמְסְטֶע אוּנ בֶּעסְטֶע אִין דֶער וָועלְט. מֶען פִילְט דָארְטִין נִיט קַיין שְׁטַארְקֶע הִיץ, וַוייל דִיא קִילֶע וִוינְטִין פוּן יַם שְׁמְרַייכִין שְׁטֶענְדִיג אִיבֶּער דֶעם לַאנְד׳ אוּנ פוּן קֶעלְט וַויים מֶען גָאר נִיט׳ אַיין שְׁטֶענְדִיגֶער פְרִיהְלִינְג הֶערְשְׁט דָארְטִין דֶעם גַאנְצִין יָאר, אוּנ מִיט דֶעם אִיז יֶענֶער גֶעגִינְד הוֹיךְ גִישֶׁעצְט, וַוייל מֶען וֶוערְט דָארְטִין קַיין מָאל גִיפְּלָאגְט פוּן אַיין בֵּייזֶע טִיהְר. — דִי אַיינְוואוֹנֶער פוּן אָטַאהֵייטִי זַיינֶען זֵייעֶר גוּט גִיבִּילְדֶעט אוּנ זַיינֶען אַלֶע פוּן שֵׁיינֶעם וואוּקְס, נָאךְ דִיא עֵדוּת פוּן דִיא יַם רֵייזֶענְדֶער זַיינֶען זֵייא גִירֶעכִינְט מִיט דִיא שֶׁענְסְטֶע מֶענְטְשִׁין אִין דֶר וֶועלְט. זֵייעֶר פַארְבּ פוּן הוֹיט אִיז וַויים מִיט בְּרוֹינְגֶעלְבֶּע שְׁטְרִיכֶע. דִיא הָאר זַיינֶען עֶכְט שְׁווַארְץ צִימְלִיךְ שְׁטַארְק, אוּנ פַאלִין אָפּ אִין שֵׁיינֶע לָאקִין פוּן דֶעם קָאפּ. זֵייא בֶּעשְׁטְרַייכִין זֵייעֶרֶע הָאר מִיט גוּטִין שְׁמֶעקֶעדִיגִין קָאקָאס אֵייל. דָאס גִיזִיכְט אִיז רֶעגִילְמֶעסִיג אוּנ שֵׁיין, דֶר בָּארְד אִיז בַּייא דִיא מֶענֶער פוּן דוּנְקְלֶער פַארְבּ אוּנ שְׁטַארְק. דֶר חַאראַקְטֶער פוּן דֶעם פָאלְק, וָועלְכֶער אִיז הֶעכְסְט לִיבֶּענְסְווִירְדִיג אָפִין אוּנ פְרֵיינְדְלִיךְ גִישִׁילְדֶערְט, דְרִיקְט זִיךְ אוֹים אִין דֶעם גִיזִיכְט פוּן יֶעדֶען מַאן; אוֹיסֶער דִיא גִיוֶועהְנְלִיכֶע זֵייעֶר אֵיינְפַאכֶע קְלֵיידֶער, הָאבִּין נָאךְ

דיא

דִּיא אָטַאהֵייטֶער אַנְדֶרֶע קְלֵיידֶער, וָואס זֵייא קְלֵיידֶען אָן אִין אַיין פַייעֶרְטָאג.

דִּיא הַייזֶער פוּן דִיזָע אִינְזֶעל זַיינֶען זֵייעֶר אֵיינְפַאךְ, זֵייא זַיינֶען לֶעבִּין בּוֹימֶער גִיבּוֹיט, מִיט דֶעם אַרְט, דָאס דִּיא רֶעגִין טְרָאפִּין זָאלִין נִיט קֶענֶען פַאלִין אוֹיף דֶעם דַאךְ, דֶער פְּלַאץ וָואס יֶעדֶער הוֹיז פַאר נֶעמְט, אִיז בְּעֶרֶךְ פִיר אוּנ צְוַואנְצִיג פוּס לַאנְג, אוּנ עֶלְף פוּס בְּרֵייט. דֶער פְּלַאץ אִיז פוּן דִּיא זוּנֶען שְׁטְרַאלִין אוּנ פוּן רֶעגִין דוּרְךְ אַיין דַאךְ בֶּעשִׁיצְט, וָואס עֶר גֵייט פוּן אוֹיבִּין שְׁפִּיצִיג אַזוֹ וְויא בַּייא אוּנְז דִּיא שְׁטְרוֹיא דֶעכֶער.

דִּיא גְרֶעסְטֶע הוֹיךְ פוּן דֶעם אִינֶוֵוייִנִיגְסְטִין רוֹים, אִיז נַיין פוּס, דִּיא זַייטִין פוּן דֶעם דַאךְ גְרֵייכִין בִּיז דֶר עֶרְד אַרָאפּ. דֶר גַאנְצֶער דַאךְ לִיגְט אוֹיף עֶטְלִיכֶע זַיילִין, עֶר אִיז גִימַאכְט פוּן פַּאלְמֶען בְּלֶעטֶער, אוּנ אוּנְטֶער אִים שְׁטֵייט אַלְם אָפִּין. דִּיא פַּאדְלָאגֶע בֶּעלֵייגִין זֵייא מִיט הֵייא, אוּנ דַארוֹיף בֶּעטִין זֵייא אוֹיס מִיט דִיוַואנֶען אָדֶער קָאלְדְרֶעס, וָואס בַּייא נַאכְט, אָדֶער אִין גְרוֹיס הִיץ בַּייא טָאג, רוּעֶן זֵייא דֶערוֹיף, הוֹיזְגְרֶעט (כְּלֵי בַּיִת) גִיפִינֶען זִיךְ נִיט אִין זֵייעֶרֶע וואוֹנוּנְגֶען, דִּיא הַייזֶער פוּן זֵייעֶר אוֹיבֶּער הֶערְן נַאטְשַׁאלְסְטְוָוא), זַיינֶען מִיט דֶר זַאךְ פוּן דִּיא אַנְדֶערֶע פֶּערְשִׁידֶען, דוּרְךְ דֶעם וָואס זֵייא הָאבִּין פִיל צִימֶערְן.

אִין דִי צוּ בְּרֵייטוּנְג פוּן זֵייעֶרֶע שְׁפַּייזִין אוּנ זֵייעֶר עֶסִין אִיז זֵייעֶר רֵייְנְלִיךְ. זֵייעֶר עֶסִין אִיז שְׁוַויינְפְלֵיישׁ, הוּנְט פְלֵיישׁ, עוֹפוֹת, פִישׁ, קְרֶעבְּסֶע, אוּנ אַנְדֶרֶע בְּרוּאִים פוּן יַם, זֵייעֶר הוֹיפְּט שְׁפַּייז אִיז דֶער פְרוּכְט פוּן בְּרוֹיט בּוֹים. זֵייא הָאבִּין אוֹיךְ נָאךְ פִיל אַנְדֶרֶע פְרוּכְט, זֵייעֶר גִיטְרַאנְק אִיז וַואסֶער אוּנ דִּיא זַאפְט פוּן דֶעם קָאקָאס בּוֹים, צוּא טִישְׁטִיכֶער אוּנ פֶערְוֶועטִין, נֶעמֶען זֵייא בְּרֵייטֶע בֵּיימְבְּלֶעטֶער. דִּיא וַוייבֶּער אִיז אוּנְעֶרְלוֹיבְּט מִיט מַאנְס

פערזאנען

פֶערְזָאנֶען אין גִיזֶעלְשַׁאפְט צוא עֶסִין · אַלֶע אָטַאהֵייטֶער בַּאדִין זִיךְ גֶערִין · עֶסִין, טְרִינְקֶען, שְׁלָאפִין אונ בָּאדִין זִיךְ, דָאס נֶעמְט בַּייא זֵייא אָפּ דֶעם גְרֶעסְטִין טֵייל פוּן זֵייעֶר צַייט, דָאס אִיז דָאס וֵוייניגסְטֶע וָואס פוּן פִיל זַאכִין קֶען מֶען אויף זֵייא זָאגִין · —

זֵייעֶרֶע אִיבֶּערִיגֶע בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג בֶּעשְׁטֵייט, טֵייל אִין דִיא פְּלַאנְצוּנְג פוּן זֵייעֶרֶע בוימֶער, אוּנ דָאס בּוֹיעֶן פוּן זֵייעֶרֶע הַייזֶער, אוּנ אַטֵייל אִין דֶער צוּ בְּרֵייטוּנְג דֶעם צַייג פוּן זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אוּנ דֶערגְלַייכִין · דֶעם צַייג פוּן זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער בְּרֵייטִין זֵייא צוּא פוּן קָארֶע פוּן בּוימֶער · זֵייא מַאכִין אויךְ זֵייעֶר פִּי... קִינְסְטְלִיכֶע דִיוַואנֶעס, אוּנ אַלֶערְלֵייא קֶערְבּ מִיט וואוּנְדֶערְלִי... גִישִׁיקְלִיכְקַייט, אוּנ אָפְט מִיט אֵיינֶע בֶּעצוֹיבֶּערְטֶע שֵׁיינְהַייט וָוא... קֵיינֶער קֶען עֶס נִיט נָאךְ מַאכִין · פוּן גְרָאבֶּע אוּנ בְּרֵייטֶע גְרָאז, מַאכִין זֵייא פִישְׁנֶעטְצֶען, אוּנ פוּן רָאהְר אוּנ הַארְטֶע הָאלְץ מַאכִין זֵייא הַארְפּוּנֶען ·

זֵייעֶרֶע וֶוערְקְצֵייג מִיט וָואס זֵייא מַאכִין זֵייעֶרֶע אַרְבֶּעטִין אוּנ דִיא כֵּלִים מִיט וָואס זֵייא בּוֹיעֶן זֵייעֶרֶע הַייזֶער, צוּם בַּייא שְׁפִּיל מֶעסֶער, דְלָאטֶעס, הֶעק, אוּנ דֶערְגְלַייכֶען, מַאכִין זֵייא פוּן שְׁטֵיין אוּנ פוּן בֵּיינֶער ·

..........................